Opłata pocztowa uiszczona ryczałtem.






ערשטער יאהרגאנג נר. 9. DUS LI

# דאס ליכט

להאיר להם את הדרך — אשר ילכו בה

ערשיינט יעדען פרייטאג. ארטאדאקסיש ארגאן פאר גאליציען. ערשיינט יעדען פרייטאג

ב"ה קראקא, פרייטאג ויק"פ כ"ד אדר תרצ"א. ליכט צינדען 5 25 מ צש"ק 6 38 Kraków, dn 13 marca 1931.

אדרעס פון רעד. און אדמ.: קראקא מייזעלסא 4. טעל. 120-96. — Adres Red. i Adm.: Kraków, Meiselsa 4. Tel. 120-96.

מעומק לב הריני מברך את ידידי סגן יו"ר מועצת קהלתנו ר' **פייוויש סטעמפעל** בברכת מז"ט חמה לרגלי נשואי בנו היקר כמר משה את בת האדמו"ר שליט"א מבאבוב. יראה מהם דור ישרים יבורך.

ידידו
משה דייטשער.

---

ברכת גדא טבא

לידידי החשוב עסקן חרדי סגן יו"ר קהלתנו ר' **פייוויש סטעמפעל** לרגלי נשואי בנו החביב כמר משה את בת הרה"צ אדמו"ר מבאבוב שליט"א. יזכה לראות מהם רב נחת.

ידידו
חיים בר"ז פרייליך.

---

לכבוד ידידי הנכבד ר' **פייוויש סטעמפעל** נ"י לנשואי בנו הנחמד כמר משה אחולי לבב וברכת מז"ט חמה ירוה מהם ומכל צאצאיו רב נחת.

מאת ידידו
צבי שטערנבערג.

---

הריני מגיש את ברכתי ברכת מז"ט לבבית לידידי הנכבד ר' **פייוויש סטעמפעל** לנשואי בנו היקר כמר משה את בת הה"צ אדמו"ר שליט"א מבאבוב. יזכה לראות מהם דור ישרים יבורך.

ידידו
אשר שפירא.

---

סל מלא ברכות ובתוכם ברכת מז"ט מעומק הלב הריני מגיש לכבוד ידידי מה"ר **פייוויש סטעמפעל** לרגלי נשואי בנו החביב כמר משה נ"י, יהי רצון שיעלה זיווגם יפה יפה, לשמחת לב הוריהם.

ידידו
יהושע ניימאן.

---

הריני מגיש את ברכותי החמות וברכת גדא טבא לידידי העסקן המצוין ה"ר **פייוויש סטעמפעל** נר"י לנשואי בנו הנחמד כמר משה את בת הה"צ אדמו"ר שליט"א מבאבוב.

ידידו
חיים אהרענשטיין.

---

אחילי לבב וברכת מז"ט להעסקן צבורי סגן יו"ר קהלתנו ר' **פייוויש סטעמפעל** לנשואי בנו כמר משה יראה מהם ומכל יוצ"ח רב נחת.

ידידו
ד"ר אלי' מרקוס.

---

לכבוד העסקן צבורי סגן יו"ר קהלתנו ה"ר **פייוויש סטעמפעל** ברכותי הלבבית וברכת מז"ט חמה:

מאחי
דוד לאנדוי.

---

הריני מגיש את ברכותי החמות וברכת מז"ט לבבית לכבוד היקרים ולכבוד אחי החביב והנחמד כמר משה נר"י לרגל נשואו את בת הה"צ אדמו"ר מבאבוב שליט"א.

אחי! תזכה לבנות ביתך ברוח מסורתנו העתיקה ברוב פאר והדר לתפארת ביתנו וכל משפחתנו כאות נפש הורינו שיחי', ונפש

אחיך
יוסף סטעמפעל.

---

את כבוד ה"ר **פייוויש סטעמפעל** נ"י לרגלי נשוא בנו כמר משה הריני מגיש את ברכ[illegible]ת מז"ט לבבית.

יעקב שמיעד.

---

הריני מברך את כבוד העסקן צבורי ר' **פייוויש סטעמפעל** בברכת גדא טבא לנשואי בנו כמר משה.

ישראל מרקוס.

---

ברכותי הכי חמות ובתוכם ברכת מז"ט חמה, לכבוד ה"ר **פייוויש סטעמפעל** לנשואי בנו כמר משה נ"י את בת הה"צ אדמו"ר שליט"א מבאבוב.

ידידו
אברהם שטיגליץ.

---

בברכת מז"ט חמה מעומק הלב לה"ר **פייוויש סטעמפעל** לרגלי נשואי בנו החביב כמר משה נ"י את בת הה"צ אדמו"ר מבאבוב שליט"א.

מברך ידידו
יוחנן וואלף.

---

הריני מגיש את ברכתי ברכת מז"ט חמה לכבוד ה"ר **פייוויש סטעמפעל** לנשואי בנו.

פלטיאל מינץ.

---

לכבוד ה"ר **פייוויש סטעמפעל** נ"י את ברכותי החמות וברכת גדא טבא לנשואי בנו כמר משה נ"י

יוסף בליבוים.

---

את כבוד סגן יו"ר דקהלתנו הגביר הנכבד והמפורסים מוה"ר **פייוויש סטעמפעל** לרגלי נשואת בנו החביב כמר משה מברך בברכת מז"ט חמה

ידידו
מאיר לענקאוויטש.

ר. נחמני.

# רבנות פּראָבלעמען.

II.

אמאל איז ביי יודען געוועזען זעהר א הויכע אויפפאסונג וועגען ענין פון רבנות. עס איז נישט געוועזען בלויז אן עסק אויף פרנסה פאר א יחיד. רבנות האט געהייסען הנהגה. א רב איז געוועזען א מנהוג א מורה דרך וואס האט בעדארפען בלויז מיט זיין פיהרען זיך, זיין א ביישפיעל פאר דער עדה און ווירקען ערציהעריש אויף זיין קהלה און דורך זיינע מעשים איינפלאנצען ביים עולם די מדות פון צדק ויישר. א רב איז געוועזען א שטיק פערקערפערטע תורה א שטיק פערווירקליכטע תורה און לעבען.

מיט זיינע מעשים האט א רב פון זיך אליין דעמאנסטרירט דעם „זה שלמד תורה ראו האיך נאים דרכיו האיך מתוקנים מעשיו" און ערשט אין צווייטער רייע איז געקומען דער „גדלהו משל אחיו" די פרנסה פראגע.

אז דאס רבנות-וועזען איז געשטאנען אויף דער געהעריגער הויך, די רבנים האבען מיט זייערע מעשים מיט זייער הנהגה און מיט זייער אייגענער הויכער אויפפאסונג פון זייער אמט געצווינגען אלעמען צו רעספעקט און דרך ארץ פאר דעם רבנות בכלל, איז נישט געוועזען קיין פלאץ פאר העצעס געגען רבנות. היינט איז די אויפפאסונג וועגען מהות פון רבנית ביי פיעל רבנים גופא געווארען פלאך און פשוט, דער עולם זעהט דערפאר אינ'ם רבנות כמעט נאר א פרנסה-פראגע און אין די רבנית-קאמפען א פרנסה מחלוקה, אט דאס גיעט די לינקע דעם כח צו דערניעדריגען דאס גאנצע רבנות-וועזען און צו פיהרען העצעס געגען דעם גאנצען ענין פון רבנות. די ארטאדאקסיע ד. ה. דאס תורה-יודענטום איז אבער בלוטיגע פעראונטערעסירט אינ'ם דערהאלטען פונ'ם רבנות און אויב מיר ווילען אז די אנטי רבנות העצעס זאלען זיך נישט אויסוואקסען צו אן אנטי-רבנות בעוועגונג, מוזען מיר ס'ערשטע טראכטען אז די אפטע רבנית-מחלוקת'ן זאלען כאטש נישט אויס וואקסען צו עפענטליכע סקאנדאלען. זאגאר אזא געמעסיגטער פובליציסט ווי ש. י. סטופניצקי שרייבט אויך, אז מ'מוז זיך אנהויבען צו פערטראכטען צו וואס מ'ברויך דאס רבנות איבערהויפט צו אזעלכע מסקנות וועלען קומען פיעל. אייב די עפידעמיש געווארענע רבנות סכסוכים וועלען נישט אויפהערען אדער לפחות געהאלטען ווערען אין געוויסע גרעניצען.

עס וואלט דערום נויטיג געוועזען צו שאפען אן ארגאן פון עטליכע אנגעזעהענע אלגעמיין-אנערקענטע רבנים וואס זאל זיך ספעציעל ווידמען צו ערלעדיגען בטוב ע"פ"י דעת תורה, יעדען סכסוך ארום רבנות, נישט לאזען די רבנות-שטרייטיגקייטען זאלען געהען לערכאות פערמיידענדיג אזוי ארום א חלול השם בגוים און אויך נישט דערלאזען מאכען פון די רבנות-צוויסטיגקייטען עפענטליכע סקאנדאלען אין דער לינקער פרעסע, וועלכע מיינט קיינמאהל נישט די טובה פון דעם אדער יענעם רב, נאר אין אלגעמיין צו דערניעדריגען דעם כבוד הרבנות און כבוד התורה ביים המון.

אזא רבנים-ראט צו רעגלען און ארדנען אביסעל די רבנות פערהעלטנישען ביי אונז אין לאנד, דארף נאטירליך בעשטעהען פון רבנים, וואס יעדער זאל האבען פערטרויען צו זייער אומפארטייאישקייט און צו זייערע ערנסטע און עהרליכע כונות ביים בעהאנדלען און רעגלען יעדען רבנות-סכסוך.

דאן וואלט אזא רבנים-ראט זיך זיכער פערשאפט, די געהעריגע אויטאריטעט און וואלט פיעל אויפגעטוען צו רייניגען ביי אונז די אטמאספערע, טראטץ די שוועריגקייטען וואס וואלטען אין אנפאנגס זיך זיכער געוויזען.

## אביסעל יודישע כראניק און וואס ווייטער?

אז מ'בעטראכט דעם היינטיגען גייסטיגען מצב ביי אונז אינ'ם ליכט פון דער פשוטער טאג-טעגליכער כראניק מוז מען זיך וואונדערן און פרעגען ווי ארום איז עס טאקי אזוי ווייט דערגאנגען, ווי ארום זענען מיר עס אין אזא קורצער צייט אזוי שטארק געפאלען?

דער יודישער שטאלץ פון יעדער צייט איז עס געוועזען, די יודישע ריינקייט פון מדות, די זיטליכע פעסטקייט מיט וועלכע אלע פעלקער האבען אונז מקנא געוועזען. מ'האט אונז אפט פארגעווארפען אז מיר האלטען זיך פאר די אויסדערוויילטע צווישען די פעלקער, אבער דער גלויבען אין אונזער אויסדערוויילקייט איז ביי אונז נישט געוועזען קיין שאוויניסטישער, מיר האבען קיינמאהל נישט פערלאנגט אלס שכר פאר אינזער אויסדערוויילקייט — העכערע שטעלונג צווישען די פעלקער, מעהר רעכטע א. ד. ג. דאפאר האבען מיר אבער אונזער אויסדערוויילקייט בעוויזען מיט אונזער העכערע לעבענס-מאראל, מיט אונזערע פעסטערע זיטליכע בעגריפען אין לעבען, מיט אונזער גבורה פון כבושת היצר.

וואס וואס, אבער אז מיר זענען מומחים אויף צו בעזיעגען און איינהאלטען ליידענשאפטען — האט אפילו דער פערביסעגסטער געגנער אונזערע געמוזט מודה זיין.

וואס וואס, אבער אז דער „לא תרצח" האט זיך איינגעגעסען אין די ביינער, איז ביי אונז אריין אין מארך און בלוט און איז געווארען פלייש פון אונזער פלייש און בלוט פון אונזער בלוט — האבען אלע פעלקער מיט אכטונג אנערקענט.

ס'איז דאך ביי אונז אפילו פארהאן א כלל אז בלויז מיט „הרמת יד נקרא רשע".

און היינט? נעמט און לעזט

אין לוצק איז ביי'ם לעהרער לאנדוי פון יודישען גימנאזיום אויסגעהאקט געווארען די שויבען דורך אן אומצופריעדענעם שילער פון א יאהר 17, צומארגענ'ס האט דער לעהרער גענומען דעם שילער אויסמוסר'ן און אים דאביי דערלאנגט א פאטש. דער שילער האט דאן אראבגעלאזט דעם לעהרער עטליכע הילכיגע פעטש זיך געווארפען אויף אים און אים אכזריות'דיג געשלאגען. ערשט די צוזאמענגעלאפענע לעהרער האבען בעוויזען דעם תכשיט צו בערוהיגען.

# פון וואך צו וואך.

ווי בעקאנט וועט אין מערך פארקומען קהלות־וואהלען אין גאנץ קאָנגרעס־פוילען. די וואהל־קאמפען זעהען אויס צו ווערען זעהר שאַרפע. אויף א זיצונג פון ציוניסטישען פארטיי־ראט זענען נאך א שארפע רעדע פון גרינבוים און אנדערע — אָנגענומען געווארען שארפע קאַמף רעזאָלוציעס געגען דער אָרטאָדאָקסיע און פאר דער פערוועלטיכונג פון די קהלות ס'איז אפילו אויף דער זיצונג געקומען צו שארפע סכסוכים די רעוויזיאָניסטען און עת לבנות'ניקעס זענען ברוגז אויסגעטרעטען פון פ"ר אָבער בנוגע דעם שאַרפען קאַמף אנזאָג קייגען דער אָרט. און קייגען דעם רעליגיעזען כאראַקטער פון די קהלות זענען אלע געוועזען אייניג.

* * *

די רעגיערונג האָט פערעפענטליכט א פעראָרדנונג וועגען די צאהל פרנסים און דאָזאָרעס פון אלע קהלות אין קאנגרעס פוילען, כמעט איבעראל איז די צאָהל פון דאזארעס (פערוואלטונג'ס מיטגליעדער) פערקלענערט געווארען, אזוי אז ס'וועט זיך פערלאנגען א גרעסערע צאהל שטימען פון ראטמענער אויף צו וועהלען א דאָזאָר. דאס וועט זיין א קלאפ פאר די קלענערע גרופען. פאר די ארטאדאקסיע וועלכע ליידט אממערסטען פון צושפליטערונג וועט עס אָבער אפשר זיין א מעלה ווייל ס'וועט צווינגען צו אחדות.

* * *

אין ארץ ישראל קאכט זיך איצט מיט א סקאַנדאל ארום דעם לעקטאָר פון דער העברעאישער אוניווערזיטעט, די יודישע פאַרשטעהערשאפט ביי דער אינטערנאַציאנאלער כותל מערבי קאָמיסיע האט זיך זיינער צייט געווענדעט צום לעקטאר פון אוניווערזיטעט ד"ר גרשון שלום צוצושטעלען וויסענשאפטליך מאטעריאל צו שטיצען די יודישע טענות צו דער כותל מערבי, דער לעקטאָר האט עס אבגעזאגט. פטור, האט דער לעקטאר פון דער אוניווערזיטעט נישט קיין אינטערסע פאר דער כותל מערבי. ווייזט זיך אבער ארויס אז אינטערעסע האָט ער דוקא יאָ אין דעם ענין, און דעם אראבישען צד האָט ער יאָ געדיענט מיט מאטעריאל אויף צו בעקרעפטיגען די אראבישע תביעות צו דער כותל.

דער לעקטאָר פערענפערט זיך אין „דואר היום" אז ער האלט אז דער גאנצער כותל פראָצעס איז געוועזען א אומגליק פאר יודען. פאר דאס — הייסט עס — אויב ס'איז געקומען צו אזא פראָצעס האט די אוניווערזיטעט געדארפט שטיצען דעם אראבישען צד, דאס הייסט אביסעל געוועזען רודפי שלום'ניקעס. דער לעקטאר פאר זיך איז אבער גערעכט, מ'האט בשעתו ביי די אוניווערזיטעט'ס־פייערונג גע'רעש'ט, אז מ'האט אויפגעשטעלט — להבדיל — דאס דריטע ביהמ"ק, איז אז ער האט שוין דעם בית צו וואס ברויך ער דעם כותל? מעג ער שוין דעם כותל אוועקשענקען די אראבער.

---

לחברנו החביב והנכבד חבר ועה"פ אגודתנו ר' **פייוויש סטעמפעל** ברכת מז"ט חמה לנשואי בנו כמר משה נ"י את בת האדמו"ר שליט"א מבאבאב.

קראקא — אגודת ישראל.

---

ברכת גדא טבא לחברנו הנכבד עסקן אגודתי נארץ ר' **פייוויש סטעמפעל** לרגלי נשואי בנו כבר משה.

ועד חדר „יסודי התורה".

---

ברכת מז"ט המה להעסקן חרדי כבוד ר' **פייוויש סטעמפעל** לנשואי בנו כמר משה, יזכה לראות מהם דור ישרים מתוך נחת ורחבה.

ועד לבנין סמגריון שע"י בית יעקב.

קראקא

---

דעם חשוב'ען אגודה־פיהרער און בעליעבטען ארטאדאקסען עסקן ר' **פייוויש סטעמפעל** א הארציגען מזל טוב צו דער חתונה פון זיין זוהן משה נ"י מיט דער טאָכטער פון באָבאָווער רבין שליט"א

ווינשט

די צענט'אלע פון בית יעקב קראקא

---

אָדער נעמט אזא פאל

אין א גאליציש שטעדטעל איז א יודישער שילער פון גימנאַזיום בעגאַנגען זעלבסט־מאָרד צוליעב דער שלעכטער בעהאנדלונג דורך דעם אנטיסעמיטישען פוילישען לעהרער.

וויעפיעל עס איז אלץ דורך אונזערע מאָדערנע אויסגערעדט געוואָרען אויף די „פינסטערע" חדרים אָבער אזעלכע „ליכטיגע" גדולים האָבען אונזערע חדרים פארט נישט ארויסגעגעבען.

וואס, וואָס, אבער שטארקע אין גייסט זענען די בחורים, דערצויגענע אין די „פינסטערע" חדרים, תמיד געוועזען. אין די שווערסטע אומשטענדען האבען זיי בעוויזען צו דערהאלטען דאס גלייכגעוויכט, צו בעהערשען די ליידענשאפטען און זענען נישט ארויס פון די כלים.

ווייטער;

אין זדונסקא וואלא דארפען פאָרקומען קהלה וואהלען. אלס פרעזעס פון דער וואהל קאָמיסיע איז אויסגעוועהלט געוואָרען דער אָרטאָדאָקסער ראטמאַן פרעגער. שפעט ביינאכט איז אים ביי זיין הויז בעפאלען א יודישער כוליגאַן און מיט אנ'אייזען אים דערלאנגט עטליכע מאָל איבער'ן קאָפ, פרעגער איז געפאַלען חלשות און ליעגט צו בעט.

אבער אויך דער סאמע „לא תרצח" פערליערט זיין מאיעסטעטישע הערשאפט ביי די מאָדערנע יודען און טרעט צו ביסלעך אפ זיין פלאץ דער וואַקסענדער פערווילדערונג אין דער יודישער גאַס.

לעזט און שטוינט:

אין פערלויף פון איין וואָך זענען אין ווארשא פאָרגעקומען צוויי רציחות אין וועלכע די ערמאָרדעטע און מערדער זענען יודען; דער טרעגער יהושיע שפירא האָט דערהרג'ט דעם טרעגער מאיר פאָפאָווסקי, א געוויסער זישא זיידערמאן איז אריינגעקומען אין ליסאָביק'ס רעסטאָראן און מיט דריי רעוואלווער קוילען אוועקגעלעגט אויף טויט דעם פוהרמאַן אבא אלטהויז.

איר זענט נאך נישט פערטיג!

אין בענדין האָט מען ארויסגעצויגען פון וואַסער א הרוג, דעם האלז צוגעצויגען מיט א שנור, קענטיג אז מ'האָט אים פריער דערשטיקט און דאן אריינגעוואָרפען אין וואַסער. די פאָליציי האט ענטדעקט די מערדער; 4 יודען אלע פון בענדין. די מערדער דראהט טויט־שטראָף. דער ערמארדעטער איז אויך א יוד, די סבה פון מאָרד: פארטיי חשבונות.

געוואלד! ווי האַלטען מיר עס ערגיץ אין דער וועלט? ס'וויל זיך גארנישט גלויבען אז אָט דאָס איז א בלעטעל יודישע קראָניק פון א קנאַפע וואָך.

# די חתונה איז באבוב.

נאך 2 שעה פארן אבפארען פון חתן און די מחתונים האט זיך אין דער וואונונג פונ׳ם מהותן ר׳ פייביש סטעמפעל פער־זאמעלט הונדערטער חסידים וועלכע זענען געקומען געזעגנען מיט׳ן חתן, עס איז געווען אויף דער גאס הינדערטע מענשען וועלכע האבען דעם חתן געמאכט שטארקע אוואציעס, א לאנגע שירה פון אויטאמבילען און דראזשקעס האבען געצוגען צום וואקזאל.

אויפ׳ן באהנהויף האבען זיך געפונען ביים אנקומען פון די מחיתנים אן ערך פון טויזענד מענשען.

ביים ריהרען פון צוג האט דער עולם־חסידים אויסגעשאלט מיט א שיינעם חתונה־מארש, ביים אקאמפאניענט פון 20 כלי זמרים. אויפן צוג האט דער עולם זיך געלאזט אין א טענצעל אז ס׳איז געווען ששון ושמחה. פון קראקא זענען מיט געפארען פיעל געסט פון חתנס צד און פיעל חסידים פון באבאווער רב׳ס צד. ס׳זענען אויך געווען פיעל זשורנאליסטען פון אין און אויסלאנד.

אויף אלע סטאציעס זענען אן געקומען הינדערטער חסידים מקבל פנים זיין דעם חתן. ווען דער צוג האט געריהרט פון די סטאציעס האט דער חסידישער עולם געלאזט זיך אין א פייערדיגע רקידה.

אין באבוב איז דער קבלת פנים געווען העכסט איספאזאנט און ענטוזי ענד. עס האבען אפגעווארט דעם עולם בחורים, פארשטעלטע אלס „קאזאקען" און אראבישע „שייכען", אונגעטהון אין פארביגע מזרח קליידער אויף פעדד און פיעל. „פיעכאטע קאזאקען". העכער 100 דראזשקעס או אוטאמאבילען האבען אריינגעפיהרט די מחתנים און געסט אין שטאדט אריין.

דער וועג איז געווען פרעכטיג רעקארירט און אלומינירט.

די חופה איז פארגעקומען א זייגער 5 פאר מנחה, מסדר קדישין איז געווען דער קראסנער רב, די ערשטע ברכה האט געזאגט דער לעמבערגער ר׳ בערעלע סטרעליסקער די צווייטע ברכה האט געהאט ר׳ שאול לעווענשטיין פון פאדגוריזש דעם חתנ׳ם א פעטער.

די חתונה־מאלצייט האט זיך געפונען אין גרויסען רב׳ס ביהמ״ד מיט א ריזענגען עולם געבענטשט האט דער סקאווינער רב דאס אויסרופען פון דרשה־געשאנק האט זיך פארצויגען עטליכע שעה, צווישען דרשה געשאנס איז געווען א סך קאסטבארע אנטיקען חפצים.

זייער פייערליך און געהויבען איז געווען דאס מצוה־טענצעל די שטימונג איז געווען א דבקות׳דיגע פיעל מיט חסידישען התלהבות און עקסטאז, בעת דער באבאווער רבי האט געטאנצט מיט דער כלה דאס מצוה־טענצעל, האט דער עולם אויסגעבראכען אין א יאמערליך געוויין.

די חתונה האט זיך פארצויגען ביז א זייגער 6 פארטאגס. דער עולם האט זיך ארויסגעלאזט אין מארק אריין, געזינגען און געטאנצט חסידישע נגינים און טענץ. די בעגייסטערונג און שמחה איז געווען אין לשער.

אויף אלע שבע ברכות פון די שבעת ימי המשתה קומען אן א סך חסידים און חשובע רבנים.

גראטולאציעס זענען אנגעקומען אין די הונדערטער פון פוילען און אויסלאנד. דערינטער אויך פון דער אלוועלטליכע אגודה־צענטראלע און פון דר. נתן בירענבוים.

---

ברכת גדא טבא לכבוד ה״ר **פייוויש סטעמפעל** נ״י
לרגלי ארושי בנו כמר משה נ״י את בת ההיצ מבאבוב שליט״א
משה ענגלארד.

# אויפגעלעזט די טארנער קהלה.

(ספעציעל פון אונזער קאר.)

די טארנער קהלה איז מיטוואך אויפגעלעזט געווארען, אלס רעגיערונגס קאמיסאר איז נאמינירט געווארען ד״ר זיגמונד זילבינגער ס׳איז אויך ערנענט געווארען א ביי־ראט פון 14 פערזאן: אליי נעווירין אהרן ראזענצווייג, שלמה מעהר, וואלף וועקסלער, חיים אבערדאם, אלישא וויינבערגער, חיים דוב צוויבעל. די דאקטוירים: זילבינגער, מינץ, גאלד־שטערן, קליין, ד״ר אפנער, ארטור מארגוליעס, חיים גאלדבערג און זעליג בראוו. די ידיעה פון דער אויפלעזונג פון דער קהלה האט זיך בליטץ שנעל פערשפרייט אין שטאדט און געמאכט א גרויסען איינדרוק.

* * *

נאך פאר עטליכע וואכען האבען מיר געברענגט די ידיעה אז די טארנער קהלה וועט אויפגעלעזט ווערען. אין נר. 7 „דאס ליכט" האבען מיר אינפארמירט די לעזער אז די קאמיסיע וואס האט אונטערזוכט די טעטיגקייט פון די טארנער קהלה, האט געטראפען פערשיעדענע אומארדנונגען אלס רעזולטאט דערפון האט דער פרעזעס געפונען פאר נויטיג תיכף צו רעזיגנירען פון זיין אמט. און איצט איז אויך דער גאנצער ראט אויפגעלעזט געווארען.

צוליעב דער איינזייטיגער און שקארק פארטייאישער ווירטשאפט האט זיך דער אויפגעלעזטער קהלה ראט אין טארנא געמאכט זעהר אומפאפולער. ספעציעל ביי די ארטאדאקסיע ווע־מענ׳ס אינסטיטוציעס און מוסדות התורה עס זענען אינגאנצען איגנארירט געווארען און האבען שטארק דערפון געליטען אין איצטיגער קריזיס־צייט.

די טעטיגקייט פון דער נאמינירענטער ראדע אין מאגיסטראט.

פלוצים׳דיגער טויט פון א בעליבטען עסקן.

זייט איינגע חדשים פיהרט אן מימ׳ן היגען שטאדט־ראט א ראדע קאמיסאריטשנא בעשטעהענד פון 30 פערזאן דארונטער 10 יודען: דר. ה. מיטץ, א. מארגאליעס, דר. זילבינגער, דר. קליין, דר. אפפנער, וו. רובין און 4 ארט. יודען ר׳ ישראל וועקסלער, ר׳ אהרן ראזענצווייג, ר׳ חיים אבערדאם, און ר׳ ישראל וועג. די ציוניסטען האבען קיין פערטרעטער. די ראדע ווייזט ארויס גרויס פערשטענדנים פאר רעליגיעזע אינסטיטוציעס.

* * *

פורים האט די היגע יודישע בעפעלקערונג בעגלייט צו זיין אייביגע רוה איינעם פון די זעהר פאפולערע עסקנים אין אונזער שטהדט ר׳ פייוויל בלאזער ז״ל. דער נפטר איז געוועזען א גרויסער בעל טובה און נדבן. דער פלוצלם׳דיגער טויט האט ארויסגערופען א טיפע ערשיטערונג ביי אלעמען, אין דער לוי׳ האבען אנטייל גענומען כמעט די גאנצע היגע ארט. דער נפטר איז אויך געוועזען א איבעסגעבענער עסקן, גבאי פון איינינע וואהלטעטיגע חברות, אויך א אקטיווער חבר הועד פון דער היגער אג״י.

יהא זכרו ברוך!  זי״ק.

---

מקרב לבי אגיש בזה ברכתי במז״ט גלבבה לידידי וחבירי הנכבד עסקן אגודתי נלהב מוה״ר **פייביש סטעמפעל** נ״י לנשואי בנו המושלם החו״ב מר **משה** נ״י עם בת הרה״צ שליט״א מבאבאווא.

טארנאוו  אהרן ראזענצווייג.

# וואס הערט זיך אין קראקא?

## צו וועט זיין בקרוב נייע שטאדט־ראט וואהלען אין קראקא?

מיטוואך איז פערגעקומען א זיצונג פון אויפגעלעזטען קראקאווער שטאדט־ראט וועלכער איז צוזאמענגערופען געווארען אויפ'ן פערלאנג פון 25 אפאזיציאנעלע ראטמענער.

נאך א לענגערע דיסקוסיע איז איינשטימיג געווארען אנגענומען א פראטעסט רעזאלוציע געגען אויפלעזען דעם שטאדט ראטי אויך ארייננצוטראגען א רעקורס געגען דער איפלעזונג צום אינער'ן מיניסטעריום און שפעטער א קלאגע צום העכסטען אדמ. טריבונאל. צום פערטרעטען די קלאגע איז געוועהלט געווארען א קאמיטעט פון ד"ר עמילעוויטש, ד"ר ראזענצווייג, ד"ר טאמאשיקא און ד"ר שרייבער.

אין אנ'אנדערע רעזאלוציע ווערט פערלאנגט ביז שפעטעסטענס זעקס וואכען פון דער אויפלעזונג פון שטאדט־ראט אויסצושרייבען נייע שטאדט־ראט וואהלען.

## ר' יוסף ברוך לאקס שענקט א ספר תורה.

עס זענען שוין לאנג פארביי די צייטען ווען דער יודישער ישוב אין קראקא האט זיך בעגרעניצט אין די ראהמען פון יודישען פיערטעל דער „קוזמארק". כסדר בעזעצען זיך וואס אמאל מעהר יודען אין די — ביז איצט — נישט יודישע גאסען און שטאדט טיילען אזוי אז עס פיהלט זיך זעהר דאס פעהלען פון יודישע בתי תפלה אין אט די גאסען, דערום איז זעהר צו בעגריסען די טהאט פון בעקאנטען נדבן ר' יוסף ברוך לאקס וואס זייענדיג מחנך זיין נייאויפגעבויט הויז פל. קאסאקא 4 האט ער גלייכצייטונג אויך דארט איינגעריכטעט א שעהן ביהמ"ד א. נ. „בית יוסף" מי'ט א גרויסער רחבות'דיגער עזרת נשים וואס איז פון בעזונדערע וויכטיגקייט פאר יענער געגענד.

דאס ביהמ"ד איז פראכט פול איינגעארדנעט מיט אלע קאמפארטען ווי אויך צענטראל בעהייצונג און איז פערזעהען מיט היבש ספרים צום לערנען און מעיין צו זיין.

דיענסטאג איז פארגעקומען די כתיבת אותיות פון ספר תורה וואס דער ה' לאקס האט געשענקט פאר דעם ביה"מ מיט דער בעטייליגונג פון פיעל חשובע נכבדי העיר. אין פערטרעטונג פון קראקאווער רב שליט"א איז געוועזען הרה"ג ר' צבי אייזענשטאדט וועלכער איז מחנך דאס ספר שטעלט עס אריין אין ארון הקדש און זאגט דערביי עטליכע טרעפליכע ווערטער מענינא דיומא ער רעדט ארים אין א שעהנער פארם מיט פיעל ציטאטען פון מאמרי חז"ל, די בעדייטונג פון דער מצוה פון כתיבת ספר תורה און פון מקדיש זיין מהונו אויף מיחד זיין בתי תפלה לרבים איבערהויפט אין דעם שטאדט טייל ווי עס פילט זיך אזא נחיצות אין א בית תפלה. די כתיבת האותיות האט זיך פערצויגען ביז זייגער 9 אווענדס דאן איז פארגעקומען א סעודת מצוה— אין וועלכע ס'האבען טיילגענומען אלע אנוועזענדע-- וואס האט זיך פערצויגען ביז שפעט אין דער נאכט.

## זיצונג פון שטאדישע ביי־ראט.

מיטוואך אווענדס איז אכגעהאלטען געווארען א זיצונג פון מאגיסטראטס ביי-ראט אינטער'ן פארזיץ פון פרעז. סענ. ראלע ס'איז פיעל געשמיעסט געווארען וועגען פונאנדער־כוי פון קראקאווער באהן־הויף וועגען ענדערען דעם באנאוש טאריף וועג שטייער א. ד. ג.

דאן האט דר. טילעס רעפערירט וועגען דער געשיכטע און איצטיגען שטאנד פון דער טראמוויי. ער האט אויך ענטוויקעלט די פלענער פון פערלענגערען די טראמוויי-ליניען ביז דער סטאציע פאהגורז-פלאשיב, קראקא באנארקא ביז דעם רויטען פראנדניק ביז דער קאביעאזינער ראנאטקע און ראקאוויצער צמענטארז.

אלעס זעהר נוטע זאכען נאר איין חסרון איז פארהאן ביי די אלע פלענער, אז מ'קלערט נאך לע"ע גאר נישט פון זייער פערווירקליכען עס איז נאר אזוי סתם א שמועס להלכה אבל לא למעשה.

---

את כבוד ה"ר **פייוויש סטעמפעל** נר"י סגן יו"ר קהלתנו עסקן חרדי מציון ברהת מז"ט חמה לנשואי בנו החביב כמר משה נ"י את בת הה"צ אדמו"ר מבאבוב שליט"א.

מאת המערכת
„דאס ליכט".

---

ברכת מזל טוב לכבוד הנגיד ר' **פייוויש סטעמפעל** לנשואי בנו
מאת
דוד גאנץ.

## קורצע ידיעות פון דער וואך.

— אין תל-אביב אין קלוב פון רעליגיעז־סאציאליסטישע אר־ בייטער איז געהאלטען געווארען א פארטראק וועגען „די בעדייטונג פון שבת פאר יודישע ארבייטער".

— אין חיפה האט באנקראטירט די וויין פירמא פריימאן און זוהן א סומע פון 75 טויזענר פונט, זי צאהלט 40 פרצ.

— די פראגער חברה קדושה האט נישט געוואלט מקבר זיין די איש פון פערשטארבענעם יודישען סוחר א. עגער. דאס קולטוס־ מיניסטערום האט פעראָרדנעט דאס אש־קעסטעל יא מקבר צו זיין.

— א אמעריקאנער יודישע געזעלשאפט האט געקויפט 4 טויזענד דונאם גוטען פרדס-באדען אויפ'ן ארט ווי ס'איז אמאל געוועזען די שטאָדט „יבנה".

— עס איז געשטארבען דער בעלגישער יודישער גענעראל בערנהיים וואס האט זיך אויסגעצייכענט אין וועלט קריעג. אין דער לוי' האט זיך בעטייליגט די גאנצע רעגירונג מיט קעניג אלבערט בראש.

— אין ירושלים איז געשטאָרבען א מיסיאנער דזשייקאב־ סאהן. ער האט פערשריעבען זיין פערמעגען פון דרייסוג ט. פונט בלויז פאר יודישע צוועקען און געבעטען אם מקבר זיין אויפ'ן יודישען בית עלמין. דאס ב"ד האט נאך א לענגערען ישוב הדעת דערלויבט ווייל ער איז נישט געוועזען געשמדט.

— אויף אינטערווענץ פון הרב לעווין דעפ. מינצבערג און סענ. מענדעלזאהן זענען בעפרייט געווארען די יודישע שילער אין די מלוכה פאך-שולען — צובעזוכען די שולען אם שבת.

— דער בחור וואס איז פארינגען שבת בעת דער רבנות מחלוקה אין לוקאוי פערוואונדעט געווארען פון א קויל — איז אויסגעשריעבען געווארען פון שפיטאל. ער פיהלט זיך גוט.

— אין ווילנא אין א פראצעס געגען א יוד פאר פאלש געלד האט דער ריכטער געפסלט דעם עדות פון דער בעשולדיגונג ווייל ער איז א מחלל שבת. דער יוד איז בעפרייט געווארען.

— אין בוקארעסט איז פארגעקומען א פראצעס געגען פיהרער פון דער יודען־פרעסערישער אייזערנער. גווארדיע, אלע זענען בעפרייט געווארען, אזוי בעקעמפט די רומענישע רעג. דעם אנ־ טיסמיטיזם.

— אין ירושלים איז פארגעקומען א פערזאמלונג פון יודישע אראבישע סוחרים צושאפען א שותפותדיגע סוחרים ארגאניזאציע.

— דר. קארל באך פון וועלט פערבאנד שומרי שבת איז געפאהרען קיין ארץ ישראל, צו געווינען די יוגענד פאר דער שבת־ בעזועגונג.

— אין זאמשטש איז אויף דער יאהר פערזאמלונג פון דער יודישער קאאפ באנק בעשלאסען געווארען צו עפענען די באנק אויך שבת, די רעליגיעזע יודען באיקאטירען דערפאר די באנק.

— איז ניי געוויהלטען לאנדאנער שטאדט ראט זענען אריין 13 יודען.

— אין פראג איז געגרינדעט געווארען א פערבאנד פון סוחרים וואס האלטען שבת.

---

## וואָד קאלענדער

מיט היסטאָרישע דאטען און יאָהרצייטען

**פרייטאג כ"ד אדר**

רוסישער צאַר אלעקסאַנדער I גיעט א בעפעהל נישט אַנצונע־ מען קיין בלוט־בלבול געגען יודען, תקע"ח.

בלוט־בלבול אין פאריז סעיד מצרים וועגען וועלכען ס'איז אין קראקא זיך צוזאמענגעקומען די גרויסע רבנים־אסיפה אין יאהר תרס"ג.

פטירה פון הג' ר' אלי' הכהן פון איזמיר ב' „שבט מוסר".

**שבת כ"ה אדר.**

אין יאהר תק"פ איז בטל געווארען די שפאנישע אינקווי־ זיציע וואס האט אנגעשריעבען דאס בלוטיגסטע בלאט אין דער יודישער גלות-געשיכטע.

פטירה פון הג' ר' יעקב פון ליסא ב' „חוות דעת".

פטירה פון הג' ר' משה מאיזיל ב"ר משה פון סקאהל אויף זיין מצבה שטעהט „עוף הפורח עליו מיד נשרף" ווי די גמרא זאגט אויף יונתן בן עוזיאל. תכ"ט.

**זונטאָג כ"ו אדר**

אין יאהר תס"ג האט די פערשאלטענע שפאנישע אינקוויזיציע פערברענט פיעל אנוסים אין סעווילא און גראַנאַדא.

פטירה פון הצ' ר' אהרן בן ר' שמשון רופא תלמיד פון רבי'ן ר' בער פון מעזריטש.

פטירה פון הצ' ר' אלעזר ליפא א זוהן פון ר' ר' אלימלך פון ליזענקס.

פטירה פון הצ' ר' דוב בער שפירא א אייניקעל פון ר' פנחס'ל קאָריצער.

**מאנטאג כ"ז אדר**

איז אויל מרודך געווארען קעניג און לאָזט ארויס דעם קעניג יהויכין פון געפענגניש און מאכט איהם גרויס.

פטירה פון קעניג צדקיהו.

פטירה פון הג' יהודא ארי' די מודינא.

פטירה פון הג' ר' יוסף שואל ב' שאול ומשיב.

פריעדריך דער גרויסער גיעט גלייכבערעכטיגונג די פרייסישע יודען, תקע"ב.

**דיענסטאג כ"ח אזיר**

איז בטל געווארען די גזירה פון אדריאנוס געגען לערנען תורה שבת און מילה.

אין יאהר רפ"ח האט דער עגיפטישער פאשא געוואלט אויס־ הרגנ'ען אלע יודען, איז געשעהען א נס. דער פאשא איז גע־ הרגעט געווארען, ווערט אין היינטיגען טאָג געפייערט „פורים מצרים" דורך די דאזיגע יודען.

געשטארבען ר' שמחה, לייבארצט פון קעניג סאָביעסקי.

פטירה פון הג' ר' שמואל הלוי ב' „מחצית השקל".

**מיטוואָך כ"ט אדר**

יאהרצייט פון ראדאָמסקער רבין ר' שלמה ב' „תפארת שלמה".

אין יאהר תקס"ו געוועזען די לעצטע זיצונג פון נאפאלעאָנ'ס יודישען סנהדרין.

תר"ח איז געגעבען געווארען בירגער־רעכט די יודען אין עסטרייך.

פטירה פון הג' ר' אהרן משה גר צדק.

פטירה פונאמסטערדאמער רב געוועזענער שוועדישער פירסט תקס"ג.

**דאנערשטאג א' ניסן שמיני למלואים**

ר"ת ניסן און פסח געפאלט דאס יאהר דאנערשטאג, אזוי ווי ווען די יודען זענען ארויס פון מצרים.

ב. תמ"ט איז אויפגעשטעלט געווארען דאס משכן.

ג' תי"ג איז עזרה ארויף פון בבל קיין ארץ ישראל.

ה' תקע"ז בעשטעטיגט אלעקסאגדער I די רעכט פון די פויליי־ שע יודען.

פטירה פון ר' אלימלך גראָדזיסקער תרנ"ב.

נאכדרוק פארבאטען.

# אסתר המלכה

היסטאָרישע ערצעהלונג. געשריבען ספעציעל פאר „דאס ליכט". פון עתניאל

נײַנטע פארטזעצונג

דער קיכער האט מיט גרויס אינטערעסע אויסגעהערט די גאנצע געשיכטע און צום סוף געבעטען ר׳ יהושיע׳ן אים צו שילדער׳ן דאס אויסזעהען פון זיין חתן„ ר׳ יהושיע האט אים געשילדערט דאס פנים די בארד ווי פלוצים גיעט דער קיכער נערוועז א שפרונג אויף, כאפט ארום ר יהושי׳ען אין גרויס אויפרעגונג און שרײַט אויס ווי נישט מיט זיין שטים.

— רבי ! מיר זענען גערעטעט ! מיר זענען גערעטעט ! דאס אין ער. יאַ, ער איז עס.

ר׳ יהושיע איז געווארען שטארק איבעראשט, הייסט עס אז איר קענט אים מיין חתן ?

יאָ ! ר׳ יהושיע, ס׳איז זיכער ער ! —

הערט ! וועל איך אייך דערצעהלען, אונז יודען לעבט זיך דאָ אין פוילען נישט שלעכט. מיר זענען פרייע בירגער און ס׳איז אונז אפילו דערלויבט צו טראגען וואפען. אָבער טראָטצדעם זענען מיר גאנץ אָפט פּשוט נישט זיכער מיט׳ן לעבען, דער אדעל האט אונז שטארק פיינד רודפ׳ט אונז גאר שטארק מיט אלע מעגליכע מיטעל. אז זיי טוען אונז יודען אָן גרויסע צרות.

ס׳זענען אָבער פאַראַן אין לאַנד אַזעלכע וואס זענען שטאַרקער פון אַדעל, פאר וועלכע דער אדעל האט שטאַרק מורא, דאס זענען די טאטארען וואס געפינען זיך אין אַ גענוג גרויסער צאהל אין לאנד. ביים בלויזען דערמאנען דעם נאמען פון די טאטארען אָדער פון איינעם פון זיינע שבטים — ציטערט די הויט אפילו ביים שטאַרקסטען פון די פוילישע פריצים.

זיי לעבען כסדר אין שרעק פלוצים בעפאלען צו ווערען פון די טאטערען וועלכע האבען שוין מעהר ווי און פריציש שלאס פערניכטעט און חרוב געמאכט.

אויך דאָ, נישט ווייט פון דאנען געפינט זיך זייער׳ס א שבט — די גרוזיער, וועלכע האבען אָנגעווארפען א פחד אויף אלע פריצים פון ארום. זיי זענען גרויסע העלדען רייטען אויף שנעלע לייכטע פערד און האבען ערקלערט קריעג אליז פריצים און אונטערדריקער און פערקינדיגט פרייהייט פאר אלע לאנד׳ס־קנעכט און אונטערדריקטע, דאָ, נישט ווייט פון דאנען אין׳ס געדיכטען פינסטער׳ן וואלד, האבען זיי זייער לאַגער אויפגעשטעלט.

יא ! אָבער וואס פאר א שייכות האט דאס אלץ מיט מיין אלישא׳ען ? — פרעגט אומגעדולדיג ר׳ יהושיע.

א גרויס שייכות מיט אייער אלישא׳ן און מיט אונז — ענפערט אים יאנקעלע — הערט נאר אויס מיט געדולד.

מיר יודען האבען שוין געהאט פיעל טובות פון זיי, ספעציעל זינד אלישא געפינט זיך ביי זיי.

ס׳איז בעשטימט אייער אלישא ! מיט אַ יאהר צוריק איז ער געקומען פון דייטשלאנד און איז געווארען דער לייב־ארצט פון מעכטיגען גרוזינישען פירסט. ער איז דארט זעהר בעליעבט און געאכטעט.

געלויבט השי״ת פאר דער גוטער בשורה — שעפטשעט שטיל ר׳ יהושיע — וואלט ער געוואוסט אז מיר זענען דאָ און געפונען זיך אין אזא שווערער לאגע אין די האנד פונ׳ם רשע יאָן, וואלט ער בעשטימט געקומען צו הילף, אונז צו ראטעווען. אָבער איצט, די צרה איז גרויס, ווער ווייס, נאך אַפּאָר שעה און מיין קינד איז חלילה פערלוירען. אָ ! העלף רבש״ע און בעהיט א יודישע טאכטער פון שאנד און צער,

א פלוצים׳דיגער רעש אין דרויסען אין הויף האט איבערגעריסען זייער שמועס. זיי האבען זיך אויפמערקזאם צו געהערט. די געסט פאהרען אוועק — זאָגט יאַנקעלע דער קיכער דער פריץ האט זיך א פנים צוגעאיילט און די געסט שנעל ערלעדיגט. מיר טארען נישט פיעל איבערקלעהיען און זיך שנעל נעמען צו דער ארבייט איידער ס׳ווערט חלילה צו שפעט.

הערט׳זשע — ר׳ יהושיע — א זעלכעס וואס איך האב נאך פאר קען שום מענש נישט אנטפלעקט, איך אליין קום אויך אָפט אהין צו די גרוזיאַנער און טרעף מיך דארט מיט אייער אלישא, איך בעזארג אים און נאך עטליכע יודען וואס האלטען זיך אויף ביי זיי, מיט כשר פלייש א. ד. ג. זיי די גרוזיאנער טראגען א ספעציעלען מונדיר מיט א אויבערמאנטעל מיט פיעל איינגעארטיגע צייכענ׳ס, איך פערמאָג אויך דא אין געהיים אזא מונדיר, הערט׳זשע ר׳ יהושיע איר וועט אייך איינהילען פון קאפ ביז פוס אין א ליילעך און איך וועל מיר אָנטוען דעם מונדיר. אַ שווערד בעזיץ איך אויך און מיר וועלען פרובען רעטען אסתר׳ען פון דעם רשע׳ס נעגעל.

רבי ! זענט איר גרייט ? דאַן האף איך בע״ה אז עס וועט אינז געלונגען אייך און אסתר׳ען צו בעפרייען פון דאנען. דער פריץ מיט אלע זיינע בעדיענער אין קנעכט זענען איצט, ווי נאך יעדען באל, שכור ווי לוט און מ׳קען מיט זיי טוען וואס מ׳וויל. ס׳שמעקט אבער אויך מיט סכנת נפשות. זענט איר גרייט דערצו ?

איך בין גרייט — ענפערט פעסט — ר׳ יהושיע, מיט׳ן לעבען זענען מיר סיי ווי נישט זיכער אין אָט דער לייבען־גרובע ביי דעם שרעקליכען אכזר, וואס האט שוין אויף זיין געוויסען מעהר ווי איין יודיש נפש.

אויב אזוי מוזען מיר זיך שנעל נעמען צו דער ארבייט— ערקלערט דער קיכער. זיי האבען זיך שנעל איבערגעטוען, ארויס פון דער קאמער און שטיל ארויף אויף די טרעפ. זיי האבען דערהערט דעם בעה״כ זיך געזעגענען מיט איינעם פון די געסט ס׳איז ת׳כף געוועזען צו דערקענען אז ער איז נישקשה׳דיג אנגעשכורט. זיי האבען געקריגען מוט, זיך אנגעגורט מיט שטארקייט און שנעל ארויף יאנקעל און נאָך איהם ר׳ יהושיע. דורך זייטיגע טרעפ זענען זיי ארויף און צום פאן אין שלאפצימער אריין. זיי האבען קיינעם נישט געטראפען אלע זענען געוועזען אין חויף ביים אָבפערטיגען די געסט. יאנקעל מיט ר׳ יהושיע׳ען האבען אבגעוואַרט, אונטער דער טהיר פון שלאָף־צימער. דאס אָנקומ׳ן פון פריץ.

עס הערען זיך טריט. עס געהט דער פריץ מיט זעלבע בעגלייטער. אבער קוים זיי געהען, דער פריץ פאלט שיעור, קוים די דיענער דערהאלטען איהם, אויך די דינער קוילערען זיך אראָפ פון די טרעפ.

ענדליך קומט דער פאן נאהענט צום צימער, די טהיר עפענט זיך, עס בעווייזט זיך יאנקעל מיט א שווארצע מאסקע אויפ׳ן פנים, אָנגעטוען אין דעם רויטען מאנטעל פון די גרוזיאנער מיט דער אויסגעשטרעקטער שווערד אין דער האנד, הינטער אים ר׳ יהושיע איינגעהילט פון קאפ ביז פוס אין ווייסען.

אן איבערפאל ! אן איבערפאל ! — שרייט דאס ערשטע דער פריץ און פאלט אין חלשות.

(פארטזעצונג פאלגט)

**עס ווערט געזוכט**

# א טיכטיגער אינקאסענט

**אנמעלדונגען איז דער אדמיניסטראציע.**

---

**הוי נפלה עטרת ראשנו.**

בלב קרוע ומורתח אנחנו מודיעים על האסון הגדול שקרה לנו בהלקח מאתנו נזר ראשנו אבינו החסיד המופלג בצדקתו ר' **אליי מאנדעלבוים** ז"ל

יאווארזנא — בניו ובנותיו.

---

הוי חסיד הוי עניו

מביע אני צערי הגדול והשתתפותי באבל הכבד של **משפחת מנדלבוים** בהלקח מאתם אביהם החסיד במעשיו וישר במדותיו פאר עירנו ה"ר **אליי** ז"ל המקום ינחם אותם בתוך שאצו"י ולא יוסיפו לדאבה עוד.

צבי הירשהורן
אב"ד דקיק יבורזנא

---

**אבל כבד**

בהלקח מאתנו האי גברא יקירא וחסידא פ א ר ע י ר נ ו ה"ר **אליי מנדלבוים** ז"ל.

בשם ביהמ"ד הגדול יבורזנא
דוד אורבאַך

---

מביעים אנחנו את צערנו הגדול בהלקח מאתנו ראש חברתנו החסיד יר"ש עסק בתורה ובצדקה ביתו פתוח לרוחה ה"ר **אליי מנדלבוים**

בשם ביהח"ס דהושיאטין יבורזנא
משה ליב קורין

---

**כוס של תנחומים**

לכבוד מ ש פ ח ת **מנדלבוים** למות עליהם אביהם החסיד המפרסים ה"ר **אליי** ז"ל, המקום ינחם אותם בתושאצו"י

בשם החברה קדישא
יבורזנא — בעריש לויפער.

---

הרינו מגישים בזה כוס מלא תנחומים ל מ ש פ ח ת **מנדלבוים** העטופים באבל למות עליהם אביהם הנגיד והחסיד המפורסם ה"ר **אליי**

יאוָארזנא — משפחת ר' חיים פוזנר.

---

בעל הנחמות ינחם את משפחת **מנדלבוים** השרוים בצער על האסון שקרה להם במות עליהם אביהם פאר ראשם החסיד ה"ר **אליי** ז"ל.

יאווארזנא — זעליג נעבענצאהל.

---

הריני מביע בזה השתתפות בצערה הגדול של משפחת **מנדלבוים** בהלקח מאתם עטרת ראשם אביהם מוה"ר **אליי** ז"ל.

יאוורזנא — בעריש לויפער.

---

במות החסיד המופלג בעל צדקה ובעל מדות תרומיות ה"ר **אליי מנדלבוים** ז"ל הריני מביע השתתפותי בצערו של משפחתו הכבודה

מענדעל גראָס.

---

הרינו מגישים בזה כוס של תנחומים ל מ ש פ ח ת **מנדלבוים** השרוים באבל כבד למות עליהם אביהם הנגיד והחסיד המפורסם ה"ר **אליי** נ"ע.

אנשיל אורבאַך, דוד אורבאַך, יצחק אורבאַך.

---

המקום ינחם את משפחת רם **משפחת מנדלבוים** למות עליהם אביהם האדם הישר והחסיד ה"ר **אליי** ז"ל ולא יוסיפו לדאבה עוד.

יאוורזנא. — יוסף שענקער.

---

**משפחת מנדלבוים!**

תנחמו בכפלים מאת השוכן בשמים לרגלי האסון הנורא שקרה לכם בהלקח מאתכם אביכם החסיד ה"ר **אליי** נ"ע

אהרן שענקער.

---

הנני משתתף בצערו הגדול של מ ש פ ח ת **מנדלבוים** במות עליהם אביהם הנגיד והחסיד ה"ר **אליי** ז"ל.

אלימלך פלאַטשעק.

---

לרגלי הלקח מאתנו עטרת ראשנו החסיד המפורסם בצדקתו ה"ר **אליי מנדלבוים** ז"ל הריני מביע צערי הגדול והשתתפותי באבל הכבד של כל משפחתנו.

חתנו
ישראל מנדלבוים.

---

הריני מביע בזה צערי הגדול והשתתפותי באבלם של משפחתנו **משפחת מנדלבוים** הכבודה למות חותני הנגיד החסיד ויר"ש ה"ר **אליי** נ"ע.

חתנו
יוסף לעדניצער.

---

הוי! גוע ואסף אל עמיו האי גברא יקירא עסק בחסידות ובצדקה כל ימי חייו ה"ר **אליי מנדלבוים** ז"ל ינחם ד' את כל משפחתנו העטופה באבל כבד בתוך שאצו"י.

חתנו ישראל

---

המקום ינחם את כל משפחתנו **משפחת מנדלבוים** לרגלי האסון הנורא שקרה אותנו בהלקח מאתנו פאר ראשנו החסיד וירא כל ימיו היו עניים בני ביתו ה"ר **אליי** נ"ע שגוע ואסף אל עמיו תנצב"ה.

חתנו
יעקב ביעגעלאייזען.

---

פאר'ן אינהאלט פון די אנאנסען איבערהויפט בנוגע כשרות איז די אדמ. נישט פעראנטוואָרטליך.


אבאנאמענט'ס פרייַז: א חדש 80 גר. א קווארטאל 2'40, א יאהר 9 זל. אויסלאנד א יאהר אנדערטהאלב דאָלאר.

מאנוסקריפטען ווערען נישט צוריקגעשיקט. ביי אנפ־אגע אויף תשובה דורך דער פאסט דארף בייגעלעגט ווערען מארקען אויף תשובה

אנאנסען פרייז: פאר א מילימעטער שורה אויף דער לעטצטער זייט 30 אין טעקסט און אויף דער ערש־טער זייט 50 גר. דער עמוד געטיילט אין 4 שפאלטען גראטולאציעס א פעטים־שורה 50 גר. די קלענסטע 2 זל

Wydawca: Za wydawnictwo „Jawne" i red. odp. W L. Urbach. — Drukarnia M. Lenkowicza, Kraków, Meiselsa 4.